# אַ פּאָר ווערטער

צוליב דעם וואָס פון מיינע ערשטע צוויי לידער־זאַמלונגען זיינען ניט געבליבן קיין עקזעמפּלאַרן, דרוק איך דאָ איבער אַ צאָל לידער פון מיין בוך „לידער", און פון דעם בוך „ווי איך שטיי און גיי".

**בערטע קלינג**

בראָנקס, סעפּטעמבער 1951

# גע בעט־לידער

## א

היט אָפּ דעם גלויבן
פון מיינעטוועגן,
שיק דעם אמת
מיר אנטקעגן.
מאַך מיר גרינג דעם שווערן וועג,
און גאַנצער — די צערויסענע טעג.
זאָל בלייבן מיין טיר
פאַר אַלעמען אָפן;
אין די שווערע טעג
זאָל איך קענען
האָפן...

ב

אין ליכטיקן אָנדענק פון זישא לאַנדוי

טאָמער
וועט אַ פריינד אין פריידן
זיך אַ רייכע סעודה גרייטן
און וועט פון דער נאָענט און ווייט,
פאַרבעטן אַלע שענסטע לייט,
און אויפן צעטל מחותנים
וועט ער פאַרגעסן אָן מיין נאָמען, —
וועט עס אוודאי מיך פאַרדריסן.
נאָר קיינער וועט פון דעם ניט וויסן...
איך וועל קיינעם גאָרניט זאָגן,
פאַר דיר אַפילו זיך ניט קלאָגן.
נאָר היט מיך, גאָט, פון פיין,
עס זאָל די שעה ניט זיין, —
אַז אַ נאָענטער
זאָל מיר ניט פאַרטרויען זיין נויט
דאַן, ווען אויף מיין טיש ליגט ברויט...

ג

הייבט אָן צו פאַלן,
גאָט באַהיט,
באַרג אַראָפּ דאָס לעבן, —
קען אַ שטרויעלע אַמאָל
מער שוץ פון דעמב
דיר געבן;
איז חלילה מיר באַשערט
פאַר אַן אָפּגרונט
הענגען בלייבן —
זאָל אַ לינד ווינטעלע
דאָס שטרויעלע
צו מיר דערטרייבן...

ד.

אײדער מײן זון איז אװעק אין קריג

איך דאַנק דיר, גאָט,
פאַר די געשענקטע טעג,
ביז װאַנען מײן קינד
װעט זיך לאָזן אין װעג,
אין װײטן װעג אויף דײן באראָט.
איך בעט דיך — ניט פאַרלאָז אים, גאָט!
אַלץ איז דאָך אין דיר געװענדט,
טאָ היט אים אָפּ
מיט דײנע הענט.
און מיר
זאָלסטו דעם כח געבן
איך זאָל קענען אָנגײן
מיט מײן טעגלעך לעבן.
בײנאַכט —
װען איך ליג אויפן קישן מײן קאָפּ,
שיק דעם שלאָף צו מיר אַראָפּ
און שטאַרק מײן בטחון
אַז איך װעל דערלעבן די טעג,
װען מײן קינד װעט קומען
צוריק פונעם װעג..

ה

װען מײן טאָג שטײט שױן
נאָענט צום ברעג,
גרײט
צו גײן זײן װעג,
נאָכדעם —
װי איך האָב געטאָן
זײנע אַלע פֿאַרלאַנגען,
און געגאַנגען פֿאַר אים,
אַלע גאַנגען,
לאָז איבער, גאָט,
כּוח גענוג אין מײן האַנט,
צו קענען אָנציען
דעם זײגער אױף דער װאַנט,
די טיר אױפֿן שלאָס פֿאַרשליסן,
דעם לאָמפּ פֿאַרלעשן
ביז איך קום צו מײן קישן.

ו

גאָט,
ניט פאַרגעס
מיינע נעכטיקע טרערן,
זיי זאָלן אויף מיין חשבון
גערעכנט ווערן,
כדי —
איך זאָל פאַר
היינטיקער פרייד,
ניט דאַרפן מאָרגן
צאָלן מיט לייד...

העלף מיר, גאָט,
מיין פיין צו שטילן,
גיב מיר כח
צו ברעכן מיין ווילן;
איך זאָל זען די וועלט
מיט מיינע אויגן אָפן,
אין די שווערע טעג
זאָל איך קענען האָפן...

ז

געסט דאַרפֿן היינט צו מיר קומען,
און דו
האָסט מיין הויז מיט זאָרג דורכגענומען.
זיי קומען מידע פון ווייטע וועגן,
און איך וויל מיט פרייד
זיי קומען אַנטקעגן.
אַזוי לאַנג
פאַרן טאָג געוואַרט,
אַזוי פיל
נאָך אַלעמען געגאַרט.
טו מיין שטוב דעם צויבער אָן —
זאָל איטלעכער פון זיי
זיך פילן אויבנאָן.
קענסטו פון די זאָרגן
מיך ניט באַפרייען היינט —
זאָל דאָס אָן אָפּקומעניש זיין
פאַר מיר און מיינע פריינט...

ח

איך דאַנק דיר, גאָט,
פאַרן קישן וואָס וואַרט
פאַר מיין קאָפּ
יעדע נאַכט,
פאַר מיין שוך
און פאַר מיין קלייד
און פאַר מיין טעגלעך ברויט;

איך דאַנק דיר
טויזנט מאָל נאָך מער,
ווען דו גיסט מיר פרייד...
נאָר אַז איך צאָל אַזוי שווער
פאַר מיין טעגלעך ברויט,
טאָ וואו וועל איך נעמען
צו צאָלן פאַר פרייד?

## ט

אין אָנדענק פון מיין ברודער ישראל חיים ע״ה

עס זיינען דאָ פנימער,
אַזעלכע גוטע,
וואָס זיינען ווי די זון
אין קאַלטע טעג.
זייער בליק
וואַרעמט איטלעכן
וואָס קומט זיי אָן אין וועג.
פאַרמער זיי, גאָט,
אויף אַלע שטעג און וועגן,
זיי זאָלן יעדן עלנטן
אָנקומען אנטקעגן...

י

דערמוטיק מיך, גאָט,
צו טראָגן באַליידיקונג.
שטאַרק מיך, גאָט,
צו טראָגן מיין שוואַכקייט,
גיב מיר כח, גאָט,
צו קענען פאַלן...

## יא

שיקסטו, גאָט,
אויפסניי אַראָפּ
פון מיינעטוועגן
צער און פּיין
זאָלן דיינע שלוחים, גאָט,
מיינע נאָענטע פריינט
ניט זיין . . .

## יב

(צו פ. ד. ר.)

דאָס גרויסע האַרץ
איז אָפּגעשטעלט,
פאַריתומט שטייט
די גאַנצע וועלט.
די ליפּן זיינען צוגעמאַכט,
פאַרן וואָרט,
וואָס האָט אונדז טרייסט געבראַכט.
איז עס דערפאַר
וואָס מיר האָבן זיין וואָרט
מיט דיינעם פאַרביטן,
האָסטו אין מיטן זיין וועג
אים פאַרשניטן די טעג?
זיינען מיר אַ זינד באַגאַנגען?
זאָל דיין האַנט אונדז פירן
וואו ער איז ניט דערגאַנגען...

יג

פֿאַרלאָז אונדז ניט, גאָט,
וואָס מיר פֿאַרלאָזן פֿאַרלאָזענע.

שעלט אונדז ניט גאָט,
וואָס מיר שעלטן פֿאַרשאָלטענע.

ניט פּייניק אונדז, גאָט,
וואָס מיר פּייניקן געפּייניקטע.

דערהייב אונדז ניט, גאָט,
וואָס מיר דערהויבן דערהויבענע.

העלף אונדז ניט, גאָט,
וואָס מיר העלפן געהאָלפענע...

## יד

מעג מיין וועג מיר זיין ווי שווער,
זאָל שנייען און זאָל רעגענען:
ווען איך קום אָן — און וואוהין איך גיי,
זאָל פריינטשאַפט מיך באַגעגענען...

טו

אַז איך ווייס ניט דעם וועג
דײַנע וועגן צו גיין,
טאָ לאָז מײַן געצעלט
ביים ברעג אַזוי שטיין.
און אַלע וואָס ווערן
פאַרמאַטערט פון גיין
וועלן אַ שיין
אין מײַן פענצטער דערזען.
די טיר וועט זיין אָפן —
שיק זיי אַריין
זיך אָפּרוען,
און מיך דערפרייען
מיט זייער זיין.

## טז

אין אַ צייט
ווען עס איז אַ זינד
צו האָבן פרייד
און נאָך מער זינד
זיך צו באַקלאָגן —
וואָס קען איך זאָגן?
זאָל מיין שווייגן
זיך טראָגן
צו דיר
אין אַ געבעטן פאַר זיי;
פאַר זייער טיפן צער
האָט דאָס וואָרט
ניט מער קיין זינען,
זאָלסטו פאַר זיי
אַ היילונג
און אַ טרייסט געפינען.

יז

פאַרגיב מיר
וואָס איך האָב
פאַראומערט דעם וועג
פון מיינע שענסטע טעג.
און פאַר אַלע גוטע טעג,
אויב דו וועסט מיר באַשערן,
וואָס איך וועל באַגלייטן
מיט טרערן...

יח

אַז דיין וועלט
איז אַזוי גרויס,
מיין גאָט,
און איך —
אַזוי קליין,
טאָ ווער וועט
אין דיין גרויסן יאָמער
הערן מיין געוויין?

# דורות

## צו גאָט און צו לייט

וואָס צו גאָט איז צו גאָט,
וואָס צו לייט איז צו לייט.
מיין מאַמע
האָט שבת געמאַכט אין דער צייט.

נאָך איידער די זון
איז אין מערב פאַרגאַנגען,
איז די וואָך מיט אַ טישטעך
געווען שוין פאַרהאַנגען.

נאָר איך —
אין אַ מאָדערנער קיך,
אַ קנעפּל הייצט דעם אויוון איין.
אַ קנעפּל לעשט אים אויס.
קען ניט פון דער קיך אַרויס.

איך האָב גלייך ווי מיין מאַמע
דעם שבת געגאַרט,
נאָר צו מיר קומט דער שבת
טיף אין דער נאַכט...

## מײַן מאַמעס אויגן

קיינער האָט מיך ניט דערצויגן,
אויסער דײַנע גוטע אויגן
וואָס איך טראָג אין מײַן זכרון
אַלע מײַנע יאָרן;
דעם טיש וואָס איך געדענק
פֿון בײדע זײַטן פּראָסטע בענק.
דאָס ערלעך שוואַרצע ברויט
וואָס איז פֿאַר יעדן אורח געלעגן גרייט.
און דאָס אָרעמע געלעגער
וואָס יעדער הײמלאָזער האָט פֿאַרנומען
גלײַך ער וואָלט צו זיך געקומען...

ווי שווער
עס איז אונדז אָנגעקומען
וואַסער פֿון אַ ווײַטן ברונעם.
דאָך
איז שטענדיק אויף אַן אָרט
געשטאַנען אַ כּלי מיט אַ קוואָרט,
און ווער מיט אַ פֿאַרטריקנטן גומען
איז טרינקען וואַסער דאָרט געקומען.
טאַטע־מאַמע האָבן אַזוי ווייניק געהאַט
און אַזוי פֿיל געגעבן.
פֿיר מיך, גאָט, אין אַלע זייערע וועגן.

## דעם טאַטנ׳ס קידוש־בעכער

מאַמע,
דאַכט זיך אויף אַ רגע בלויז
פון הויז אַרויס.
האָט די טיר זיך צוגעמאַכט,
און קיינמאָל מער זיך ניט געעפנט.
אָן דיינע בענטשלייכטער,
אָן דעם טאַטנס קידוש־בעכער,
האָט דאָס מזל מיך אַהער געבראַכט.
הינטער מיר ליגט פאַרשאָטן
דער וועג צו דיין וועג.
פאַראויס — מיינע קינדער
דאָס פנים צום שניי־ווייסן בלענדיקן דזשעז.
מאַמע —
אין קייט פון די אבות,
בין איך דער איבערגעריסענער רינג,
צווישן דיר און מיין קינד.

## דער הונגעריקער

— מאַמע
זע, ווי דער זאַטער
טראָגט דעם קאָפּ פאַרריסן
און ווי דער הונגעריקער
ווערגט זיך פאַרשעמט,
מיט זיין ביסן.
וואָס פאַר אַ תירוץ
זאָל איך, מאַמע, דיר געבן,
וואָס איך טראָג אַזוי שווער
מיין אָרעם לעבן?

באַלד וועט די נאַכט
ווידער קומען,
איטלעכער האָט שוין
זיין אָרט פאַרנומען.
— נאָר איך
מיט מיין עלנט,
בין אויסגעשטעלט.
וואָס פאַר אַ תירוץ
זאָל איך געבן דער וועלט,
?מאַמע

## יום־טוב

מאַמע —
איך האָב זיך היינט
אויף דיין אָרט
אין מיין קיך דערזען:
דיין בלאַס געזיכט פאַרויטלט,
אין טומל פון טעלער און טעפּ.
אין שטוב איז יום־טובדיקע רו,
פון עס־צימער
קלינגען גלעזער, גאָפּל,
און רואיקע מאַנסבילישע רייד,
וועגן וועלטלעכע זאַכן.
פון צייט צו צייט
שטעלסטו אָפּ די אַרבעט,
הערסט זיך איין
צו די מאַנסבילישע רייד,
און קלייבסט אויס
דעם טאַטנס קול...

## מיין וואָרט

איין וואָרט נאָר ביי דער מאַמען פרעגן
וואָלט איך זיך לאָזן איבער אַלע וועגן.
מיט יעדן באַן און פערד און וואָגן
מיט ווינטן זיך געלאָזן טראָגן.

נאָר איין קוק טאָן אויף דער מאַמען,
וואָלט איך איבער אַלע ימען,
אין דער לענג און ברייט געשוואומען,
ביז איך וואָלט צו איר געקומען.

איך וואָלט זי שטיל אַרומגענומען,
ווען איך וואָלט צו איר געקומען.
אפשר גאָר קיין וואָרט ניט רעדן,
ניט פון ליידן, ניט פון פריידן...

## פאַר זיך אַליין

שטענדיק ערנסט
אונדזער טאַטע
פלעגט דריי מאָל טעגלעך
דאַוונען גיין.
קורץ די שטונדן —
צווישן דאַוונען.
ווער האָט צייט
די קינדער זען?
און די מאַמע —
אין געוועלב,
איז יעדער טאָג
געווען איר קליין.
זיינען קינדער
מיר געוואַקסן,
יעדעם קינד
פאַר זיך אַליין...

## טאַטע־מאַמע

אַז טאַטע־מאַמע
פלעגן צוזאַמען
אויף א שמחה גיין —
איז איטלעכער פון זיי געגאַנגען
אויף אַן אנדער גאַס
אַליין.

## מיין שוואָגער דר. שלמה יודל לעווין ע״ה

יעדער פרימאָרגן
די ערשטע זוניקע שעה
זאָגט מיר אָן ווידער
אַז דו ביזט ניטאָ.

אַז דו ביסט ניטאָ,
וואָס וועלן מיר טאָן ?
ווען וועלן מיר זעצן
אויבנאָן ?

ווער עם שמייכל
וועט אונדז קומען אַנטקעגן ?
ווער וועט באַלויכטן
אונדזערע שטעגן און וועגן ?

ווער וועט די וואך
מיט יום-טוב שפּרייטן ?
פאר ווען וועלן מיר
אַ יום-טוב גרייטן ?

— — — — — — — — — — — — —

אַז דו ביסט ניטאָ...

## דער נומער ניין

אַז טאַטע־מאַמע
זיינען אַוועק פון דער וועלט,
האָבן זיי
ניין יתומים אָפּגעשטעלט.
איז אונדז גאָרניט מער געבליבן,
ווי נאָר איינס דאָס אַנדערע צו ליבן.
וואָס מיר זיינען אויסגעשטאַנען!
אַז מען זאָל אויספאָרן די וועלט מיט אַלע באַנען
איז קיין גלייכן ניט פאַראַנען.
געליטערט האָט אונדז אַלע ניין
די לויטערקייט פון פיין.
געטראַכט האָט יעדער פון די ניין,
אַז גאַנצער ווי דער נומער ניין
קען קיין נומער גאָר ניט זיין.
אַז מיר זיינען גרויס געוואָרן,
האָבן מיר זיך אָנגעוואָרן.
יעדער אין זיין געצעלט,
אין אַלע עקן פון דער וועלט,
געוואוסט האָט יעדער פון די ניין,
אַז גאַנצער ווי דער נומער ניין
קען קיין נומער גאָר ניט זיין.
ביז איינמאָל —
אין אַ שוואַרצער נאַכט
זיינען מיר געבליבן אַכט...

## מיין שוועסטער דאָרע ע״ה

קיינמאָל וועסטו שוין ניט זיין.
דאָס ליכט פֿון דיין אויג
וועט קיינמאָל מער
מיין פּנים ניט באַלייכטן.
געליטערט און דערהויבן
שוועבסטו איבער מיר.
וואָס איך טו
מיידט דיין אויג ניט אויס.
פֿאַרנעמסט אַלץ וואָס איך טראַכט.
קליין און נישטיק
איז אַלץ וואָס איך טו.

## מיין קינדהייט

ניט אין קיין צימער
מיט פּאָלירטע דילן
פלעג איך זיך שפּילן,
נאָר אין אַ שטוב —
וואו אַלץ איז געווען אינאיינעם,
מיט אַן אָפענער טיר
פאַר אַלע שכנים....

ניט קיין געטראַנקען,
פון געשניצטע שראַנקען,
האָב איך געטרונקען.
נאָר וואַסער —
פון אַ פּראָסטער פאַס
וואָס איז געשטאַנען
אויף דער גאַס...

# דו און איך

I

דאָס לעבן איז שווער.
מײַן גאַנג איז אַליין.
דאָך —
ווי וואָלט איך וויסן
די וועגן צו גיין,
ווען נישט די מי,
פֿון דײַנעטוועגן,
וואָס פֿירט מיך
אין אַלע שטעגן און וועגן?...

II

איך וועל ליידן פון דיין טאַטן,
איך וועל ליידן פון דיין מאַמען,
איך וועל ליידן פון דיר,
נאָר מיט דיר צוזאַמען.

איך וועל ליידן פון דיינע פריינד,
זיך ניט קלאָגן פאַר קיינעם:
איך וועל ליידן פון דיר,
נאָר מיט דיר אין איינעם.

איך וועל ליידן פון דער וועלט,
זיך ניט טיילן מיט קיינעם:
איך וועל ליידן פון דיר,
נאָר מיט דיר אין איינעם...

III

אַ טיש, אַ לאָמפּ,
פון לאָמפּ אַ שיין.
דו זיצט און קוקסט
אין אַ בוך אַריין.

איך, מיטן בעזעם,
גיי אום און קער.
דריי זיך אַהין,
דריי זיך אַהער.

איטלעכער וואָרפט אָן —
איך לייג אַוועק.
מיין טאָג גייט מיט אַש
און מיט שטויב אַוועק.

אינגאַנצן צעברעקלט
ווי די ברעקלעך פון טיש.
דער קאָפּ, דאָס האַרץ —
איין געמיש.

די ראַדיאָ ברענגט
די מלחמה אַהער.
דער געדאַנק טראָגט אַהין,
דאָס האַרץ ווערט שווער.

ברעקלעך און שטויב,
ברעקלעך און פּיין,
דעקן מיך צו
און שלינגען מיך איין.

דער שטויב לייגט זיך ווידער,
דער בעזעם איז דאָ,
נאָר איך בין כמעט
שוין מער ניטאָ...

אַ טיש, אַ לאָמפּ,
פון לאָמפּ אַ שיין.
דו זיצט און קוקסט
אין אַ בוך אריין.

IV

טאָמער וועט דאָס לעבן אונדז
אויף צווייען איבעררייסן,
אויף לעבנס צוויי צעטיילן,
גוטע אָדער שלעכטע —
סיי־ווי איז פאַרפאַלן.

וועל איך מיינע גוטע
און די שווערע טעג
איבערטראַכטן
דריי מאָל יעדן טאָג:
צי דיין מאָלצייט
איז אין צייט.

אין די שפּעטע שעהן
פון מיין יעדער נאַכט
וועל איך איבערטראַכטן
צי איז דיין געלעגער ווייך...

## V

נאָך דיינע באַהאַלטענע טריט
ציט אַ פאַרבאָרגענער כח מיך מיט.
אַלץ וואָס וועט מיט דיר געשען,
בין איך פאַר׳משפט צו דערזען...

פאַר אַ שותף צו דיין סוד,
האָט מיר גאָט באַשערט:
איך זאָל אים היטן
אין וואַכזאַמע נעכט...

איך היט דעם סוד,
פון זיך אַליין.
עס זאָל קיינמאָל
צו קיינעם ניט דערגיין...

## VI

די גאָלדענע שעה׳ן
פון זוניקן טאָג,
ביז אין דער נאַכט —
אין קיך פאַרבראַכט.
די ווייסקייט
פון מיינע הענט
אין קיך פאַרשווענדט,
פאַר דיר —
אַ מאָלצייט צוצוגרייטן.

ווען אַלץ איז פאַרטיק,
דער טיש געגרייט,
ביזטו אַ זאַטער אין שטוב אריין.
צומאָל —
ניט אָנגעריירט דעם וויין,
די מאכלים אויפן טיש;
איך און מיינע הענט
האָבן זיך פאַרשעמט.

VII

קום צו מיר —
נאָר ניט דערגיי צום לעצטן טראָט.
רעד צו מיר —
נאָר ניט דערזאָג דאָס לעצטע וואָרט.
זאָל דאָס ניט דערגאַנגענע,
דאָס ניט דערזאָגטע,
זיין דאָס ליכט
וואָס זאָל אונדז ביידן
דורך די וואָכעדיקע טעג
אייביק — אונדזער גאַנג באַלייכטן...

VIII

עס איז גוט
אין פאַרלוירנקייט
פון מענטשלעכן געדרענג,
צו וויסן
אַז אימיצער
איז ערגעץ דאָ,
וואָס נעמט דיך אויף
צו יעדער שעה.
דאָס שטויסן,
דאָס משונהדיקע יאָגן,
ווערט דיר גרינגער
צו פאַרטראָגן.
ווען פון גאַנצן רעש
בלייבט נאָר
דער אומעט אין דיינע הענט —
איז גוט,
אַז ערגעץ וואַרטן
אַפילו אומעטיקע ווענט...

IX

אַז טויזנט מענטשן זאָלן גיין
און דו אין דער מיט;
וועל איך דערקענען
דיינע טריט...

אין שטאַרקסטן גערויש —
פון רעדער און מאַשינען,
וועל איך דיין שאָרך
געפינען...

דאָך —
בייטאָג, צי אין טיפער נאַכט
ווען איך האָב אויף דיר געוואַרט,
און דו ביזט ניט געקומען, —
האָב איך דעם פרעמדסטן גאַנג
פאַר דיינעם אָנגענומען...

X

איך זאָל קאָנען דיך
אַרויסרייסן
פון האַרצן
— ,ביי מיר
וועט מיין האַרץ
ניט קענען שלאָגן,
ווען עס וועט דיך
אין זיך ניט טראָגן...

איך זאָל קענען
פון די ליידן,
וואָס דו גיסט מיר,
כאָטש זיך שיידן.
ווי אַ כלי
— ,וואָס איז לער
וועל איך בלייבן
אָן אַ טרער...

XI

אַלץ וואָס איז נאָר
אין מײַן לעבן געשען
האָב איך דערנאָך
אין חלום געזען.

מער ווי אין וואָר
געוויינט אין מײַן שלאָף;
ווי איבער אַ בוך
מיט אַ טרויעריקן סוף...

XII

איך ווייס ניט
צי גיי איך נאָך נאָכן טרויער,
צי גייט דער טרויער
נאָך נאָך מיר.
איך ווייס נאָר —
אַז איך בין געבונדן,
צו אים — ווי צו דיר.

האָסטו מיר דעם אומעט געגעבן?
אָדער איז ער גאָר געבוירן מיט מיר?
אין די פוסטריט פון אונדזער לעבן,
גייט ער נאָך מיר און נאָך דיר.
דאָך האָפט אויף פרייד נאָך
מיין האַרץ מיט בטחון,
ווי דער בלינדער רייסט
זיינע אויגן צום שיין.
גלייך ווי איך קען
דעם אומעט אָן דיר ניט טראָגן, —
אַזוי זאָל די פרייד אונדז
אַ שותּפותע זיין...

XIII

גלייך ווי איך וויל
פֿאַרנעמען דיין אָרט,
ווען מען זאָגט אויף דיר
איין שלעכט וואָרט, —

אַזוי וויל איך
דיין אָרט פֿאַרנעמען,
ווען דו טוסט
עמעצן פֿאַרשעמען...

XIV

אויב אַ צופֿאַל אין לעבן
וועט מיך פֿאַרשעמען,
וועסטו דורך מיר
עס בעסער באַנעמען.

וועל איך דעם אמת
פֿון דיר ניט פֿאַרהוילן.
איך אַליין —
וועל אַלץ דיר דערציילן.

אַז פֿריינט וועלן קומען
דערציילן אויף מיר,
זאָלסטו שמייכלען
און זאָגן: דו ווייסט אַלץ פֿון פֿריער...

## XV

דו האָסט מיך צוגעדריקט צו זיך
און ניט געוואוסט
אַז אַ קנעפּל פון דיין אָרבל
האָט מיינע האָר פאַרצויגן
און געריסן.
האָב איך צוגעמאַכט די אויגן
פאַר פרייד און ווייטיק;
די ליפּן זיך געביסן
און געשוויגן.

XVI

רו אין געמיט
איז אין אונדז געוועגדט.
נאָר מיר האָבן ווידער אין צאָרן
אַ טאָג פאַרשוועגדט.
זײַ ניט בייז, זײַ ניט בייז;
ווייל איין גאָט נאָר ווייס
ווי נאָענט, צי ווייט
איז די צייט,
ווען איינער פון אונדז
וועט בענקען
נאָכן היינטיקן פּיין.
און טראַכטן —
ניכאַי וואָלט אַזוי
אייביק זיין.

## XVII

איך האָב דיך קיינמאָל ניט געזען.
נאָר אויב מיר איז באַשערט
וועל איך אין דיין ערשטן קוק
וויסן אַז אויף דיר האָב איך געוואַרט.
פון דיין האַנט ביים ערשטן ריר
וועל איך זיך עפענען פאַר דיר.
און הערן וועסטו רייד
אַזעלכע — וואָס ניט איך,
און ניט קיינער ביז דיר
האָט געהערט פון מיר.
ווי אַ זון וועל איך אויפגיין
פאַר זיך אַליין,
ווען איך וועל דיך דערזען...

XVIII

צוזאַמען
מיט דער פרייד
פון דיין קומען
האָסטו מיר געבראַכט
די שרעק
פאַר דיין גיין.
מיין גורל איז,
צו בלייבן אליין.
זאָל גאָט מיט דיר גיין...

XIX

פֿאַרן נעכטן
דאַרף זיך קיינער
ניט גרייטן.
דער מאָרגן
וועט אפשר
געהערן
אַ צווייטן.

דער הייַנט
האָט ניט קיין צייַט פֿאַר מיר.
ער איז שוין באַשטעלט —
פֿאַר די קינדער
און דיר.

## XX

פאַר דיר —
געשפּילט אַ גאַנצע נאַכט.
אפשר וועסטו קומען.
זאָלסט ניט וויסן
אַז איך וואַרט,
האָב איך
זיך שלאָפנדיק געמאַכט.
אפשר
וועסטו קומען.
אַזוי —
די גאַנצע נאַכט געוואַכט,
די אויגן צוגעמאַכט —
אפשר
וועסטו קומען...

XXI

ווי הייסע ריטער אויפן לייב,
זיינען דיינע טרערן
אויף מיין געמיט געפאלן.
איצט משפט מיך
מיין צעווייטיקט געמיט,
און בויגט נידעריקער
מיין קאפ
אראפ.

# מיינע קינדער

**א**

לאַכט ניט,
קינדערלעך, פון מיר ;
איך טראָג אַ גלויבן
אַזאַ אין מיר.
כל זמן
איך בין דאָ מיט אייך,
קען איך אייך
פון אַלץ באַשיצן.
אַפילו
פון דונערן און בליצן.
מיט מיינע הענט,
קען איך אויפהאַלטן
פאַלנדיקע ווענט ;
רוישנדיקע ימען
קען איך מיט זיי צאַמען,
און אַפילו
דאָס ביטערע לעבן
זיך שטעלן אַנטקעגן
און ווייזן מיט זיי
צו זיכערע וועגן...

ב

ווינט, דו וויינענדיקער ווינט,
וואָס קומסטו מיך דערשרעקן?
מיינע קינדער שלאָפן שוין,
איך בעט דיך זיי ניט וועקן.
עס האָבן ווינטן לאַנג צוריק
געוויינט אַזוי ווי דו,
גיי אַהין צו זיי אַוועק
און לאָז אונדז דאָ צורו...

ג

קינדער מיינע —
איך זאָל ווייסן
וואו מענטשן ווען אייך פאַרשעמען
וואָלט איך פריער דאָרטן קומען,
און פאַר אייך
דאָס אָרט פאַרנומען.

איך זאָל ווייסן
וואו די געפאַר וועט
גאָט, באַהיט,
אייך גיין אַנטקעגן,
וואָלט איך מיט פרייד
פאַרלאָפן אייך די וועגן...

ד

ליכטיק קינד מײנס,
שלאָף אין רו.
מאַך דײַנע לויטערע
אויגעלעך צו.

שטערנדלעך לויכטן,
דער הימל איז רײן.
שטיל זאָל דער שלאָף
צו דיר קומען צו גײן.

זאָל ער פֿון דיר
מײַן שרעק פֿאַרבאָרגן,
ביז די נאַכט װעט פֿאַרגײן
אין בלויען פֿרימאָרגן.

ביז ס׳װעט זיך לעשן
דער לעצטער שטערן,
װעל איך אין שרעקן
ליגן און הערן.

אָט װעט מיר דאַכטן,
אַ װײַטער זשומען
װעל איך הערן,
אַלץ נעענטער קומען.

דער הימל מיט אַלע
לויטערע שטערן
װעלן אין פֿלאַמען
פֿאַרװיקלט װערן.

איבער דײַן װיגעלע —
פֿײַער און בליצן;
װאָס זאָל איך טאָן,
מײַן קינד, דיך צו שיצן?...

## ח

אז עס הייבט זיך אָן דער טאָג,
און מיינע קינדער
גייען איינציקווייז פון הויז אַרויס,
צו די געפאַרן פונם טאָג פון דער שטאָט —
שטיי איך פאַר דער טיר און בעט צו דיר:
ברענג זיי, גאָט, צוריק צו מיר,
אומבאַשעדיקט פונעם טאָג
און פון דער שטאָט.

ווען עס קומט די נאַכט,
און דו האָסט מיינע קינדער
מיר צוריק געבראַכט,
אומבאַשעדיקט,
פונעם טאָג פון דער שטאָט,
דאַנק איך, גאָט, דיר,
פאַר דער גאַנצקייט
פון מיין יעדן גליד,
פאַר דער רו
פון מיין געמיט.

ז

קינד מיינס,
קיינער קומט ניט
דעם עלנטן אנטקעגן
זיינע שווערע וועגן.
ניט מיט וואַסער,
ניט מיט ברויט,
צו פֿאַרגרינגערן זיין נויט.
קיינער טיילט זיך ניט
מיט זיינע לייד.
קיינער זוכט ניט
אים צו געבן פרייד.

אויב דיר
איז, גאָט באַהיט, באַשערט
דער וועג
פונעם עלנטן אויף אונדזער ערד,
וואו וועל איך נעמען
נאָך אַ לעבן
איך זאָל דיר
עס קענען געבן?...

ז

שלאָף ניט, מיין קינד,
די זון איז אַליין;
ווער וועט אָן דיר
איר ליכטיקייט זען?

די וועלט איז פאַרנומען.
ביז די נאַכט וועט קומען —
וועט דער לוח פון היינטיקן טאָג
אַלע רגעס, ווי רויטע קאָראַלן,
אויף שנירעלעך קלייבן.
און אַלע מעשים
מיט בלוטיקע אותיות פאַרשרייבן.
נאָר —
פון דער גאָלדענער זון
וועט קיין איינציקער שטראַל
ניט פאַרבלייבן...

ח

איר קענט זיך קיינמאָל ניט צעטיילן,
איך — צווישן אייך.
איך מוז אייביק שלום האַלטן,
און קריג זיך מיט מיט אייך.

אויסער קריג, געשריי און טומל,
פעלט אייך אַלצדינג.
דאַרף איך אַלץ פאַר אייך געפינען,
דריי זיך אין אַ רינג.

קוים וואָס איך דערלעב די רגע,
אַז איר זאָלט שוין גיין,
כאַטש אַ ווײַלע, קינדער,
לאָזט מיך זיין אַליין...

טרעט איר נאָר
פון שטוב אַרויס,
וואַקסט פאַר מיר
דער שול-וועג אויס.

יעדע גאַס
מיט איר געפּאַר,
טראַקס, מאַשינען
און די קאַר.

און דאָס האַרץ מיינס
פול מיט שרעק,
קוקט אייך נאָך
דעם גאַנצן וועג...

ט

פאַרגיב מיר, מאַמע,
וואָס מיין אָרעם לעבן
האָט דיר קיין נחת
און פרייד ניט געגעבן.

הער ניט וואָס לייט
קומען דיר זאָגן,
איך קען דיין געבויגענעם
קאָפּ ניט פאַרטראָגן.

זיי קומען דאָך נאָר
צו דיר זיך באַרימען:
זייערע קינדער פאָרן
אין רייכע מאַשינען.

ווייל זיי ווייסן, דיין קינד
בלאָנקעט אום אין דער וועלט;
זיין פּנים צום עלנט
איז אויסגעשטעלט...

# פון מיינע טעג

איך בין ניט איינגעגאַנגען
אויף אַ שווער לעבן,
ווי מיין מאַמעס, —
מאַטער איך זיך
אַלע מיינע יאָרן
מיין לעבן גרינג צו מאַכן . . .

## פרימאָרגן

איך בין פון בעט אראָפּ,
דערזען מיין טאָג,
אַזוי פרי,
און שוין אַזוי פיל זאָרג און מי;
ווי אַ שווימער
פאַרן שווימען גיין
בלייבטביים קאַלטן וואַסער שטיין,
בין איך ביים ברעג פון טאָג,
געשטאַנען,
מיט שרעק געטראַכט,
פון וואַנען
און וואו וועט יענער כוח זיין,
איך זאָל קענען
אינעם טאָג אַריין...

# עס קען זיין

עס קען זיין —
איר וועט אין שטוב אַריין,
און איך וועל זיין.
נאָר אַ קעלט וועט אייך באַגעגענען.
מיר וועלן איינס דעם צווייטן זען,
און ניט דערזען.
נאָר דערנאָך —
איר וועט שוין ניט זיין,
וועט שעהן לאַנג
דאָס האַרץ מיר וויינען.
איר זייט געווען —
און איך האָב אייך ניט געזען.

עס קען זיין —
איר וועט אין מיין שטוב אַריין,
איך וועל ניט זיין.
וועט מיין גיריקייט נאָך אייך
פון יעדן ווינקל אייך די האַנט דערלאַנגען.
— זיצט — וועלן אייך די שטולן בעטן.
דער טיש —
וועט אונטערטעניק וואַרטן.
זעצט זיך לעבן מיר.
אין יעדן ווינקל וועל איך זיין —
ווען איך וועל ניט זיין...

נאָר דערנאָך —
איך וועל קומען
און איר וועט שוין ניט זיין.
וועט שעהן לאַנג דאָס האַרץ מיר וויינען.
איר זייט געווען —
און איך האָב אייך ניט געזען...

## מיין אייגן טרער

דער צער פֿון גאַר דער וועלט
האָט מיך אַרומגענומען.
דורך שטעג און וועג
דורך פֿרייד און וויי
בין איך צו זיך געקומען...

יעדנס טרער און יעדנס אויג
האָט מיין האַרץ פֿאַרנומען.
נאָר הייסער איז פֿון יעדנס טרער
מיין אייגן טרער גערונען.

אַלע מאָל האָט יעדנס פֿרייד
אין מיין האַרץ געזונגען,
העכער האָט פֿון יעדנס פֿרייד,
מיין אייגן פֿרייד געקלונגען...

## פאָלקסמאָטיוו

געוואָלט צו אַ פריינד
אַ בריוועלע שרייבן,
אין דער פרעמד אַליין
באַשערט איס צו בלייבן.
האָב איך געגעבן
די קינדערלעך עסן
און האָב אָן דעם פריינד
זיך פאַרגעסן.

געוואָלט פאַר אַ קישעלע
פעדערלעך פליקן
דאָס ווייסינקע קישעלע
אַ יתומל שיקן.
האָב איך גענומען העמדעלעך פרעסן,
דאָס יתומל האָב איך פאַרגעסן...

איך האָב געוואָלט
צו מיין שוועסטער גיין,
כ'האָב געוואוסט,
אַז זי זיצט מיט איר טרויער אַליין.
האָב איך געלייגט די קינדערלעך שלאָפן
מיין שוועסטער שוין מער ניט געטראָפן...

געוואָלט אויף קבר־אבות גיין,
פאַרגעסענע קברים שטייען אַליין.
האָב איך גענומען דאָס שטיבעלע ראַמען
פאַרגעסן אָן טאַטן און מאַמען...

## איך זאָל וויסן

איך זאָל וויסן
ווען איר וועט קומען,
וואָלט איך פון אַלע באַהעלטענישן
מיין צער אַרויסגענומען,
און וואָלט עס מיט אָפענע הענט
צעהאַנגען ווי בילדער אויף די ווענט.
כדי ווען איר וועט אין מיין שטוב אַריין
זאָלן די געקריוודעטע
מיך ניט מקנא זיין...

## דאָס קערבל

פֿאַר אַלע שריפֿטן,
וואָס איך האָב ניט קיין צייט,
שטייט אַ קערבל
אין שטוב ביי דער זייט.

אין גלויבן
אַז דער טאָג וועט קומען,
ווען איך וועל ניט זיין
אַזוי פֿאַרנומען,
לייג איך זיי אַלע
דאָרטן אַוועק,
זיי זאָלן וואַרטן
פֿאַר גרינגע טעג.

און איטלעך מאָל,
וואָס איך גיי זיי פֿאַרביי —
ווער איך פֿאַרשעמט
פֿון זיי אויפֿסניי.

דאָס קערבל ווערט פֿול,
פֿול מיט זשורנאַלן;
נאָר איך גיב ניט צו
אַז עס איז פֿאַרפֿאַלן —
אַז דער גרינגער טאָג
וועט צו מיר נישט קומען.
אויב אַלץ וועט זיין גוט
וועל איך זיין פֿאַרנומען.

## אַ מענטש

איך האָב היינט אין מיין שטוב
אַ מענטשן פאַרזען.
צום האַרץ ניט געווען.
דאָך — אַ מענטש אין שטוב געווען.
ווען ער איז, אומבאַמערקט, אַוועקגעגאַנגען —
איז מיר באַפאַלן אַ פיינלעכער פאַרלאַנג
אים צוריק צו ברענגען,
און דאָס בעסטע פון מיין שטוב
אים אויפן טיש דערלאַנגען.

## גאָט באַהיט

גאָט באַהיט,
וועט איינער אויפֿן הויכן קול
דיך פֿאַר דער וועלט פֿאַרשעמען,
וועט איטלעכער
פֿון אים אַ ביישפּיל נעמען.
וועט דער שטאָלץ אין דיר פֿאַרגיין
ווי אַ ליכט ביים סוף פֿון ברענען.
און וועט ער אויפֿן הויכן קול
פֿאַר דער וועלט דיך לויבן,
דאַן וועט יעדערער
דיך אַלץ העכער הויבן.
דו אַליין וועסט גלייך מיט זיי
אין דיין גרויסקייט גלויבן...

## זאַלץ און ברויט

ניט געוואוינט מען זאָל מיר דערלאַנגען,
איך מוז אַליין גיין אַלע גאַנגען.
דאַנק איך דיר מיין האַר, דערפאַר,
וואָס אויף מיין טיש
ליגט זאַלץ און ברויט,
און דו באַשיצט מיך
פון דער נויט.

איך זוך ניט קיינעם
צו באַזיגן.
און וויל מיט קיינעם
זיך ניט קריגן.
דאַנק איך דיר, מיין האַר, דערפאַר.
צווישן אַלע רייד
איז דאָ אַן אָרט,
רעדט דאָרט
אין דער שטיל מיין וואָרט...

איידער איך בין
וואו אָנגעקומען
איז איטלעך אָרט
געווען פאַרנומען.
דאַנק איך דיר, מיין האַר, דערפאַר,
וואָס ווען דער שלאָף פאַלט צו
צו מיינע אויגן,
האָב איך וואו
מיין קאָפּ צו לייגן...

## זייט מוחל

זייט מיר מוחל,
וואָס איך האָב
ווי די קליגסטע לייט,
פון די גרויסע שטעט,
די שענסטע רייד גערעדט.
און ווי אַלע ווייבער
פון גאָר דער וועלט
האָב אַלע מאָל
דעם שענסטן, בעסטן חלק
מיין אייגן קינד געשטעלט...

## בלעטעלעך

וואויל איז אייך, בלעטעלעך,
אַלע אינאייינעם.
באַשטראַלט אייך די זון
גרינט איר אינאייינעם.
וויגט אייך דער ווינט
אַלע אינאייינעם.
דערפרייט אייך איין פרייד.
אַלע אינאייינעם.

שלאָגט אייך דער ווינט,
אַלע אינאייינעם.
פאַלט איר אַראָפּ,
פאַלט איר אינאייינעם.
געטראָגן פון ווינט,
און פאַרשווינדט.

דרימלט איר איין,
אַלע איין דרימל, —
באַדעקט אייך איין הימל...

## שווייגן

גרויסע וועלט,
אין דיין טיפסטער אורעלטער
האָבן די גרעסטע זינגער
מיט גענדזן־פעדער אין די פינגער
דיך באַזונגען.
זאָל איך דיר אויך באַזינגען?
איך —
מיט מיין קליינער פאונטן־פעדער?
ווי יעדער
פון דיינע גרויסע וואונדער
שווייגט באַזונדער,
וויל איך שווייגן.
מיט מיין פרייד און טרויער,
ווי עס שווייגט דיין פראַכט,
דער טאָג, די נאַכט,
ווי דיין אייביקייט —
וויל איך שווייגן.

## ווייבער

וואָס טוען ווייבער, וואָס טוען ווייבער
אין פאַרנאַכטן ? —
זיצן אויף די בענק, זיצן אויף די בענק,
איינס ס'אַנדערע צו באַטראַכטן.

זיצן זיי, זיצן זיי,
זייערע בליקן וואַנדערן ;
קוקן זיי, טראַכטן זיי,
איינע פון דער אַנדערער.

קוקט איינע, קוקט איינע,
אויף אַ צווייטער און זי קלערט :
איר איז מיין מערכה
ניט באַשערט.

אַן אַנדערע, אַן אַנדערע באַטראַכט
אַ שיינע פרוי ;
און זי טראַכט, און זי טראַכט,
פון איר אַזוי :

וואָלט זי קענען, וואָלט זי קענען
אַזוי שיינען
ווען זי האָט, ווען זי האָט
אַ מאַן אַזאַ ווי מיינעם ?

## שיינע רייד

שיינע רייד
קענען מאַכן
אַלע זאַכן
וואָס שיינען
שענער ווי זיי זיינען...
נאָר ניט דיר,
און ניט מיר,
ווייל
פֿאַרן קישן
אויף וועלכן מיר רוען ביינאַכט,
האָט מען
קרבנות געבראַכט...

## צו די וועלט־פירער

ווען איר
וואָלט ווייבערישן שכל געהאַט,
טאָ ווען מען וואָלט עס געשאַדט
ווען פון אַלע לענדער,
איבער אַלע ימען
זאָלסט איר זיך קומען צוזאַמען,
נאָר —
אָנשטאָט סודות
פון אַלערליי טויטן,
וואָס איינער באַהאַלט
פונעם צווייטן,
זאָלט איר,
ווי איינפאַכע ווייבער,
אויפשטעלן אַ קיך
אין מיטן דער וועלט,
און צוגרייטן
וואָס איטלעכן פעלט...

## פאָלקס-מאָטיוו

איך זוך און איך זוך
און קען ניט געפינען;
איך אַרבעט און אַרבעט,
און קען ניט פאַרדינען.

איך גיי און איך גיי,
און בין ניט דערגאַנגען;
איך קלעטער און קלעטער
און קען ניט דערלאַנגען.

איך הער און איך הער,
און קען ניט דערהערן,
איך רעד און איך רעד
און קען גאָר ניט דערקלערן...

## ווי איך בין

מיט אַ זין, צי אָן אַ זין,
נעמט מיך אָן ווי איך בין,
מיט מיין שמייכל,
ט מיין **טרער,**
ווען איך בין גרינג,
ווען איך בין שווער.
מיט מיין חכמה,
מיט נאַרישע רייד,
מיט מיין אומעט,
מיט מיין פרייד,
מיט מיין ליבשאַפט,
מיט מיין שנאה,
מיט מיין טריישאַפט,
מיט מיין קנאה,
מיט אַ זין,
צי אָן אַ זין,
נעמט מיך אָן
ווי איך בין...

## ביים ברעג

ביים ברעג
וואָס פירט
צו שטעג
און וועג,
האָט גאָט
געשטעלט
מיין קליין
געצעלט.

שטיי איך
פאַר דער טיר
פון מיין געצעלט.
שפרייטן וועגן
זיך פאַר מיר
פון גאַר דער וועלט.

## בענקשאַפֿט

אין אָנדענק פֿון א. מ. דילאָן

ווי ס'בענקט דער זשאַר נאָכן ווינט,
וואָס האָט זײַנע פֿלאַמען
ביזן הימל געבלאָזן,
אַזוי בענקט דער רינג
נאָכן פֿינגער
וואָס האָט אים פֿאַרלאָזן.

עס בענקען שורות
נאָך דער האַנט
וואָס האָט זיי געשריבן.
עס בענקען געזאַנגען
וואָס זײַנען
אין זינגער געבליבן.

## פּרץ הירשביין

איך זינג דיין ליד
פון גראָז און טוי,
עס וויינט מיין האַרץ
אין מיר אַזוי.

איבער גאָר דער וועלט
ביזטו געווען,
די ווייטסטע לענדער
האָסטו געזען.

אַלץ האָסטו
אין דיין וואַנדער געפונען.
דעם שטילסטן טרויער
האָסטו באַנומען.

די טרער פונעם מלאך
דעם אומעט פון נאַכט;
האָסטו צו מיר
אין דיין ליד געבראַכט.

איצט זע איך טרערן,
און גראָזן, און טוי.
און עס וויינט נאָך דיר
מיין האַרץ אַזוי...

# אין אנדענק

(פון אַרטשי און זינע קעסנער)

איידער דו האָסט געלעבט דיין וועלט
האָסטו דיין לעבן איינגעשטעלט,
און געוואָרן פאַרשניטן —
איידער נאָך דו האָסט געליטן.
זינט דו ביסט אַוועק
בלאָנקען ליידיק דיינע טעג,
אָפּגעריסענע פאַר דער צייט
און וויינען אין דער אייביקייט.
און דיין מאַמעס
ניט-געוויינטע טרערן
וואַרטן
אַז גאָט
זאָל זיי דערהערן...

## א מלחמה־ליד

פון וואנען טראגט זיך אזא געוויין?
דאס וויינט א שעפעלע
וואס וויל ניט צו דער שחיטה גיין.

וואס וויינט נאך אזוי אין פעלד?
מען האט א קעלבעלע צוגענומען
איז דאס קעלבעלע מער
צוריק ניט געקומען.
וויינט די קו אין מיטן פעלד,
הילכט אפ די גאנצע וועלט.

פון וואנען טראגט זיך אזא געזאנג?
דאס פירן באנען און שיפן באגלייט מיט מוזיק
דער יוגנט צום שלאכטפעלד,
ווייס גאט, צי זיי וועלן קומען צוריק...

אויב די יוגנט קומט ניט מער צוריק, —
וואס יובלט נאך אלץ אזוי די מוזיק?
דאס קריגן די העלדישע מאמעס מעדאלן
פאר זייערע קינדער וואס זיינען געפאלן...

## זע, פֿייגעלע

זע, פֿייגעלע,
ווי איך בין קליין,
לאָז מיך, פֿייגעלע,
ניט אַליין.

קיינער זינגט מיר
ניט קיין ניגעלע.
באַהאַלט מיך, פֿייגעלע,
אין דיין פֿליגעלע.

ערגעץ בלאָנדזשעט
מיין ווייסע ציגעלע...
ווינטן טראָגן
אַש פֿון מיין וויגעלע...

## די ניט צופרידענע אידענע

אַמאָל איז געווען אַ אידענע
אַ ניט־צופרידענע,
איז זי ניט געפאָרן האַנדלען
ראַזשינקעס מיט מאַנדלען,
נאָר דאָס גאַנצע לעבן
אין קיך מיטן געפּעס אַוועקגעגעבן;
געהאַט קינדערלעך —
ניט צוגעגרייט קיין ווינדעלעך;
ווען זי האָט צום טיש געגרייט
האָט זי פאַרגעסן זאַלץ און ברויט.
צו איר מאַן — די געטרייסטע פרוי געווען,
נאָר ער — האָט עס ניט אַנגעהויבן זען;
מענטשן טויזנטער האָבן זי געקענט,
פאַרבראַכט האָט זי מיט אומעטיקע ווענט;
מאַכן יום־טוב — נאָר געווען פאַרנומען,
נאָר דער יום־טוב איז קיינמאָל ניט געקומען;
זיך צו אַלעמען געטוליעט, אַרום זיך געקליבן,
נאָר מיט ליבשאַפט אַלעמען פאַרטריבן.
אַ געראָטענע — אַלץ האָט זי געקענט,
נאָר געהאַט האָט זי ליימענע צוויי הענט.
אַ מאָדנע אידענע,
די ניט־צופרידענע.

## וויגליד

די נאַכט איז לאַנג
אָן אַ סוף;
דער גוף איז שווער,
און גאַרט נאָך שלאָף.

אַ מידע האַנט
וויגט אַ וויג.
אַ פאַרשלאָפן קול
זינגט אַ ליד.

עס ווערט דאָס קינד
ניט אַנשוויגן.
ניט פון וויגן,
ניט פון ניגון.

איצט וויגט די האַנט
ניט מער די וויג.
עס זינגט דאָס קול
ניט מער קיין ליד.

די שטוב איז וויסט.
עס שווייגט דאָס ליד.
די שוואַרצע נאַכט
היט אַ ליידיקע וויג.

## נאָענטקייט

פאַרוואָס
פון דער ווייטן
זייט איר פרעמדע און קאַלטע געשטאַלטן?...
צומאָל, איז מיט צאָרן מיין האַרץ
איבערפילט קעגן אייך.

טרעף איך אייך ווידער,
קוק איך אייך נאָר אין די אויגן אַריין —
דערזע איך אַ לויטערן שיין.
איך ווייס ניט,
ווער איך געלייטערט
אין נאָענטקייט פון אייך?
צי ווערט איר געלייטערט
אין נאָענטקייט פון מיר?

## צו אַ גרויסהאַלטער

איך בין דער שוואַכלינג
צווישן אונדז ביידן;
איך קען שווייגן
און לאָז דיך ריידן.

בין איך, אָבער, שטאָלץ גענוג
איינצובויגן מיין קאָפּ,
און שמייכלען —
ווען דו קוקסט צו מיר אַראָפּ...

## האַרבסט־מאָטיוו

יעדע זאַך,
פאַרגייט דעם אייגענעם וועג,
אין די לעצטע טעג
פון פאַרדאַרבן.
יעדעם בלאַט,
און יעדער בוים
פאַרגייט אין אייגענע פאַרבן.
און מיר —
גלייך ווי זיי,
פאַרגייען אין פאַרבן אַלערליי.

## צו דיר

איך קום דיר דאַנקען גאָט און לויבן
וואָס דו האָסט מיך ניט דערהויבן
צו יענע הויכן
וואָס כ׳האָב געחלומט צו דערגרייכן.
אַז פאַלן
איז דאָך איטלעכן באַשערט,
זאָל איך ניט פאַלן
פון הימל צו דער ערד.

# א י נ ה אַ ל ט

זייט

## געבעט-לידער



## דורות

## דו און איך



## מיינע קינדער



## פון מיינע טעג